ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך"
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי, סעריע נ' 2

שלום עליכם.

# דער זייגער

איננסצעניר פון ש. באַסטאָמסקי.



צווייטע אויפלאַגע

ווילנע
פאַרלאַג „נייע יידישע פאָלקשול"
1938

ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך“
רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי, סעריע ג׳ 2

שלום עליכם.

# דער זייגער

אינסצעניר פון ש. באַסטאָמסקי.



צווייטע אויפלאַגע

ווילנע
פאַרלאַג „נײַע יִדישע פאָלקשול“
1938

Printed in Poland.

**Biblioteka „GRININKE BOJMEŁECH"**

redagowano przez S. Bastomskiego.

---

**Szołom Alejchem**

# „Der Zejger"

Inscenizowano przez S. Bastomskiego.

---

Druk. Ekspres Wilno, Wielka 33

פערזאָנען:

דאָס יינגל.

דער טאַטע.

די מאַמע.

די מומע.

די דינסטמיידל.



## I סצענע.

א באלעבאטיש הויז אין א קליין שטעטל. אין דער I סצענ. נעמען אנטייל: טאטע, מאמע, יינגל. די מאמע פארעט זיך ביי דער קיך, דאס יינגל שרייבט (מיט קנאפן חשק). דער טאטע זיצט פארטיפט איבער א ספר. נאכן עפענען דעם פארהאנג איז א הוילע שטיל. באלד דערהערט זיך פון צווייטן צימער א קלונג פון זייגער.

יינגל (ציילט): איינס... צוויי... דריי..! צוועלף... דרייצן!.. אוי, דרייצן! אוי, טאַטע דרייצן!

טאַטע: דרייצן? (צעלאַכט זיך) כאַ־כאַ־כאַ ביסט אַ שיינער בעל־חשבון, קיין עין־הרע, ניט! האָסט אַמאָל געהערט זייגער דרייצן!

יינגל: דרייצן, זאָג איך! ווי איך בין אַ ייד, אַז דרייצן!

טאַטע (מיט כעס): דרײַצן פּעטש װעסטו פון מיר כאַפּן!

ייִנגל: אַז ס'איז פּאָרט דרײַצן...

טאַטע: זאָלסט דאָס אַנדערע מאָל ניט איבערחזרן אַזאַ נאַרישקײַט! גוי! אַ זייגער קען ניט שלאָגן קײַן דרײַצן!

מאַמע: (מישט זיך אַרײַן) װײסט, װאָס איך װעל דיר דערציילן, נחום - איך האָב מורא, אַז דאָס קינד איז גערעכט...

טאַטע: װאָס געגרעכט? װען געגרעכט?

מאַמע: מיר דאַכט, אַז איך האָב אויך איבערגעציילט דרײַצן.

טאַטע: שוין, אָט האָסטו די אַנדערע טעג יום־טוב! (פאַלט פונדעסטוועגן אַרײַן אין אַ שטיקל ספק. גייט אַרום איבערן שטוב. נאָך אַ פּויזע) קען דאָס זײַן?.. און אפשר?.. מע דאַרף פּרובירן אַ פּורקע טאָן אינעווייניק (גייט אַרויס אין צווייטן צימער. עס הערט זיך, ווי דער טאַטע בורטשעט און ציט אָן דעם זייגער. דער זייגער הייבט אָן צו שלאָגן. דער ייִנגל אויף דער סצענע, דער טאַטע הינטער דער סצענע ציילן):

„איינס... צוויי... דרײַ... צוועלף... דרײַצן!"

ייִנגל: מאַמע, דרײַצן!

מאַמע: יאָ, מײַן קינד, טאַקע דרײַצן!

דער טאַטע: (קומט אריין א דערשלאָגענער. גייט אַרום און רעדט צו זיך) יאָ, דרייצן... רב נחומס זייגער געשלאָגן דרייצן... וואָס הייסט דאָס? וואָס זאָל דאָס באַטייטן? ער זאָל זיין קאַליע, וואָלט ער זיך געשטעלט... אלאָ וואָס דען? מוז איך לערנען דעם פשט און זאָגן אַ שפריזינקעלע?..

מאַמע: דאַרפסטו חקירען אַ שפריזינקעלע? אַמער נעמט מען אַראָפּ דעם זייגער און מע מאַכט אים צורעכט. ביסט דאָך עפּעס אַ מייסטער!

טאַטע: שאַ, אפשר ביסטו אויך גערעכט! (גייט אריין פאררעכטן דעם זייגער).

ייבגל: ווייסט, מאַמע, איך האָב שוין פון לאַנג געזאָגט, אַז מיטן זייגער אונדזערן איז ניט גוט...

מאַמע: יאָ, מיין קינד, דוס'ט טאַקע געזאָגט. מע דאַרף אָבער דעם טאַטן ניט אָפּעסן דאָס האַרץ.

ייבגל: אַז ער שלאָגט אָבער פּאָרט דרייצן!

מאַמע: נו איז דרייצן!

ייבגל: ווי קען דאָס אָבער זיין דרייצן

אַזייגער? (עס הערט זיך ווידער דאָס שלאָגן פון זייגער. יינגל ציילט): איינס... צוויי... דריי...
פיר... פינף... (דער טאַטע קומט אַריין ציילנדיק פון צווייטן צימער און העלפט אויך וויטער ציילן):
זעקס... זיבן... אַכט... ניין... צען...
עלף... צוועלף!

טאַטע: (צופרידן) האַ? קלינגט שוין ניט קיין דרייצן? אַז איך זאָג אַ שפּריזינקעלע, ווייס איך, וואָס איך זאָג.

מאַמע: איך זאָג שוין לאַנג, אַז דו ביסט אַ בריה.

יינגל: פאַרוואָס האָט ער אָבער פריער געשלאָגן דרייצן?

טאַטע: פאַרוואָס? פאַרוואָס? — פאַרדאָס!

מאַמע: איך פאַרשטיי נאָר נים איין זאַך — למאַי כריפּעט ער? ער פלעגט, דאַכט מיר, קיינמאָל ניט כריפּען, ווי ער כריפּעט.

טאַטע: עס ווייזט זיך דיר אויס!
(הערט זיך צו צום כריפּ פונם זייגער).

יינגל: כ'האָב געהערט, ווי ער מאַכט-כיל, כיל, כיל-טררר... און ערשט נאָכדעם באָם!

טאַטע: אויך אַ מבין אויפן זייגער!

יינגל: און אַפילו דער „באָם" אַליין איז שוין אויך גאָרניט דער באָם וואָס פריער. דער פריערדיקער באָם איז געווען אַ פריי־לעכער באָם, אַ לעבעדיקער, און איצט האָט זיך אַרײַנגעגנבעט אין אים עפּעס אַ מין אומעטיקײַט, אַ טרויעריקײַט....

טאַטע: (חיל ניט הערן) שווײַג שוין, שווײַג!

(יינגל גייט ארויס. קומט אריין אין א ווײַלע ארום).

יינגל: טאַטע, דער זייגער שטעלט זיך!

טאַטע: איכל דיר באַלד ווײַזן — דער זייגער שטעלט זיך!

מאַמע: (קומט אויך אריין) יאָ טאַקע, דער אומרו הייבט אָן צו מאַכן עפּעס מיאוסע תנועות, שיטערע געבג (דער טאַטע גייט ארויס).

יינגל! ווייסט, מאַמע, ווי דער זייגער גייט? — ווי אַ שיכור.

מאַמע: שווײַג, מײַן קינד, רייד ניט!

יינגל: אַ הוידע אין איין זײַט פּאַוואָליע, אין דער אַנדערער זײַט גיך מיט אַ קרעכץ „קכי".

מאַמע: (שמייכלט) אַ גאַנץ רחמנות צו זען, ווי דעם זייגער גוססט...

טאַטע: (ארײַנקומענדיק) דער זייגער איז דאָ

גאָט די נשמה שולדיק! שולדיק איז די וואָג, ווינציק וואָג! (צו דער מאַמען) גיב אַהער אַביסל וואָג, וועסטו זען, ווי דאָס וועט העלפן!

(מאַמע און יינגל גייען אין קיך און ברענגען מיט זיך אַ סקאַוואָראָדע און אַ שטייסל).

טאַטע: (נעמט די וואָג און גייט אַרויס אין צווייטן צימער, יינגל נאָך אים. אין אַ ווײַלע אַרום הערט זיך זיין שטים): נאָך וואָג! ווינציק וואָג!

(דאָס יינגל און די מאַמע לויפן דורך עטלעכע מאָל דורך דער סצענע אין קיך אַריין נאָך וואָג. זיי טראָגן: אַן אייזערנע סקאַוואָראָדע, אַ קופּערנע קוואָרט, אַ פּרעסל, אַ זעקעלע זאַמד, אַ פּאָר ציגל א. א. און דער טאַטע שרייט אַלץ: „נאָך וואָג, ווינציק וואָג"!).

**פּאָרהאַנג.**

## סצענע II.

דערזעלבער צימער פרייסיק צונאכט. אלע זיצן ארום טיש נאכן עסן. די דינסט נעמט צו ס'געפעס פון טיש און דערלאנגט פרישע אויסגעטריקנטע סעמעטשקעס. אלע קײען. עס קומט אריין די מומע יענטע, א שווארצחענוודיק ווייבל אן צײן.

מומע: גוט שבת!..

אַלע: גוט שבת! גוט יאָר!

מומע: איך האָב געוווּסט, אַז ס'איז בײַ אײַך דאָ פרישע סעמעטשקעס... דער חסרון, וואָס ס'איז ניטאָ מיט וואָס צו קנאַקן...

מאַמע: זעצט זיך, יענטל! וואָס מאַכט מען?

מומע: ווי געפעלט דיר, מלכה, די הײַנטיקע פיש, ווז'ס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן בײַ זיי?

דערציילט עטלעכע מעשיות פון פיש-מארק, פלעכט אריין פארשיידענע באקאנטע פערזאנען. די מאמע דערציילט אויך א מעשה. דאן זאגט דער יינגל, אז ער ווייס אויך (א מעשה, וואס ער האט געלייענט איצט — וועגן גזלנים):

די מומע: (פאלט אריין אין די רייד) שאַ! למאַי עס האָט זיך ניט לאַנג געטראָפן נאָך אַ שענערע מעשה. ניט ווײַט פון יאַמפּעלע,

אַ ווערסט דרײַ, זײַנען גזלנים באַפאַלן אַ יידישע קרעטשמע, אויסגעקוילעט אַ גאַנצע שטוב מיט מענטשן. אַ פיצעלע קינד אין וויגעלע אויך געקוילעט. איבערגעלאָזט נאָר איין דינסטמיידל, וואָס איז געשלאָפן אין קיך אויפן אויוון. זי האָט דערהערט מע שרײַט, איז זי אַראָפגעשפרונגען, דאָס דינסטמיידל, פון אויוון. זי טוט אַ קוק דורך דער שפּאַרע פון דער טיר, זעט זי, דאָס דינסטמיידל: עס ליגט אויף דער ערד דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע געקוילעטע און בלוט אַ גאַנצער טײַך... איז זי זיך מישב, דאָס דינסט-מיידל, און שפרינגט אַרויס דורך אַ פענצטער און לויפט אַוועק גלײַך אין שטאָט אַרײַן מיט אַ גוואַלד: גוואַלד, יידישע קינדער, ראַטעוועט!

גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!..

(ווי די מומע יענטע גוואַלדעוועט, דערהערט זיך מיטאַמאָל:

טררראַך! טאַראַררראַך – באָם-דזשין-באָם!..

אלע הערן דערשראקן, קוקן א ווײלע זיך אן און ווער-
טער און הייבן מיטאמאל אן צו שרייען.

אַלע: גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!

די מאַמע: (כאפט צו דעם יינגל מיט גרייס אימפעט) מײַן קינד! מיר זאָל זײַן פאַר דיר! ווייי איז מיר!

**דער טאַטע:** האַ? וואָס? וואָס איז אים? וואָס איז געשען?

**די מומע יענטע:** גאָרנישט, גאָרנישט! שאַ, שאַ!

ס'לויפט אריין פון קיך א דערשראָקענע דאָס דינסטמיידל.

**דינסטמיידל:** ווער שרייט דאָ? וואָס איז? עס ברענט? ווו ברענט? ווו?

**די מומע יענטל:** ווער ברענט? וואָס ברענט? (שרייט אויפן דינסטמיידל) אָט איז זי אויך דאָ, טאָמער איז קאַרג! נאַ דיר גאָר סע ברענט! צו אַלדי שוואַרצע יאָר! האָסטו געהערט אַן אַנטיק? וואָס שרייט איר? וועלכע גוטע יאָר? וואָס גוואַלדעוועט איר? טפו אויף מײַנע שונאימס קעפּ! (כאַפּט זיך ארויס אין צווייטן צימער און קומט גלייך אריין צוריק) ביטאָ פון וועמען צו לאַכן! גאָט איז מיט אײַך! דאָס איז דער זייגער, דער זייגער אַראָפּגע־פאַלן, הײַנט ווייסט איר שוין?

**דער טאַטע:** דער זייגער!?

**דער יינגל:** אַראָפּגעפאַלן דער זייגער!

(דער טאַטע און דער יינגל גייען ארויס אין צווייטן צימער. אין א ווײַלע ארום ברענגט דער טאַטע אריין דעם זייגער, א צעהרגעטן, א צעבראָכענעם).

דער טאַטע: (באַטראַכט אים און סוף פאַר־צווייפלט א מאַך מיט דער האַנט) אויס זייגער! דערהרגעט, צעבראָכן, צעשאָטן, ס'קאַלעטשעט אויף אייביק!

די מומע: וואָס איז דער הידוש? אַז מע האָט אָנגעהאַנגען אויפן זייגער פון כּל מאמינים שהוא, דרײַ פוד משא, איז ער אַראָפּ־געפאַלן. להבדיל אַ מענטש וואָלט אויך ניט בעסער געווען! האָסט געהערט אַביסל?

דער טאַטע: אויס זייגער! (פאַרבראָכט די הענט).

יינגל (הייבט אָן צו וויינען).

מאַמע: שאַ, זע נאַר, וואָס דאַרף מען זיך אַזוי אָפּעסן דאָס האַרץ? מסתמא איז דאָך אַזוי באַשערט, אָנגעצייכנט מן השמים. הײַנט אין דערדאָזיקער מינוט באַדאַרף זײַן דער סוף פונם זייגער. ווי להבדיל אַ מענטש, גאָט זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד. אַ כּפּרה, ניט אום שבת דערמאָנענדיק, פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר אַלע אונדזערע ליבע און געטרײַע און פאַר כּל ישראל. אמן סלה...

פאָרהאַנג.

